ל. דינסקי

# דערזויל...

ארויסגעגעבען פון
א גרופע פריינד

ניו יאָרק—1922
די פיין פרעס, אינק.

# אינהאלט:

(——)

# דערווייל...

דערווײַלע נאָך זײַנען מײַנע אויגען ווי פֿאַרצויגען;
מײַן לעבענס בליק — ניט ברייט און קלאָר גענוג.
עס איז די שעה די לויטערע נאָך ניט געקומען,
וואָס זאָל מיר מאַכען זעהענדיג און קלוג...

עס פּיקט און שפּיזעלט עפּעס אין מײַן האַרץ און מח,
איך שפּיר, ווי ס'וועבט זיך אַ מין זייד געפּיהל.
דערווײַלע אָבער בין איך קינדיש נאָך פֿאַר'חלומ'ט,
אַליין ניט וויסענדיג גאָר וואָס איך וויל.

איך גלויב: די שעה די לויטערע וועט ווען ס'איז קומען,
אַ העלע ליכטיגקייט, אויף מיר פֿאַרשפּרייטען...
דערווײַלע קלעטער איך — מיט מײַנע טעג די יונגסטע,
און פּלאָטער פֿון איין חלום צו אַ צווייטען...



## מיין ערשטע געליבטע

רבקה'לע דוכט מיר, געווען איז איהר נאָמען:
(ווי שנעל עס פארגעסט זיך — מיין גאָט !)
רבקה'לע, האָב איך צו איהר זיך געווענדעט
שפּאַצירענדיג הינטער'ן שטאָט.

עס ברענט ווי אַ פייערל, „אַ דאָ אַ אין הארץ" —
אוי רבקה'לע, ס'טוט אַזוי וועה !...
לייזעריל, האָט זי מיר נאאיוו געענטפערט :
אין מיין הארץ — איז אויכעט אַזוי...

באַלד האָבען זיך אַקסעל צו אַקסעל גערויגען,
און פנים צו פנים גענעהנט.
עס האָבען זיך אויגען אין אויגען געשפּיגעלט —
און ליפּען אויף ליפּען געברענט...

זייט דאַמאָלסט האָב איך שוין פיעל מיידלאַך געליבט,
ראָמאַנען— שוין פיעלע געהאַט.
דאָך בלעטער איך דורך אין זכרון מיין לעבען :
איז רבקה — די ליכטיגסטע בלאַט...

## פאַרהאַן און פאַרהאַן

פאַרהאַן אין דיין בליק, אַזאַ ליבליכער חן,
וואָס לאַשצעט און היילט די נשמה.
פאַרהאַן אָבער אויך — אין דיין ליבליכען בליק —
אַ צייכען פון נעמען נקמה...

פאַרהאַן אין דיין וואונק, אַזאַ שטילער באַגער
וואָס צינדט אָן צום לעבען אַ פייער.
פאַרהאַן אָבער אויך אין דיין שטילינקען וואונק —
אַ פרייז, וואָס קאָסט טיילמאָל צו טייער...

פאַרהאַן אין דיין קוש, אַזאַ רויטליכער זאַפט,
וואָס האָט אין זיך טויזענטער טעם'ען.
פאַרהאַן אָבער אויך — אין דיין רויטליכען קוש: —
אַ טראָפּענדעל גיפט צו פאַר'סם'ען...



# „אַ גמילות חסד

ליעבע האַרציג, ליעבע מיידעל,
באָרג אַ קוש מיר אוים !
איך בין אַ שעמעוודיגער איגנגעל
כאָטש איך בין שוין גרוים.

איך בין אַ שעמעוודיגער בחור,
שטענדיג נור אין הויז,
אָבער ס'האַרץ מיינס איז אַ ווילדע —
באָרג אַ קוש מיר אוים !

וועסט מיר טהאָן אַ „גמילות חסד,"
אויף אַן אויגענבליק.
איך וועל עס גערן מיט פּראָצענט דיר
אָפּגעבען צוריק...



## אַ פּאַרדרוס

מיר געהען ביידע טריט ביי טריט,
עס הערט זיך קוים דער טראָט פון פוס.
מיר געהען שוין אַזוי אַ שעה —
און ס'פיהלט זיך עפּעס אַ פּאַרדרוס.

מיר ריידען ביידע פון דער נאַכט,
(די נאַכט איז ווי געוויינליך שוואַרץ!)
מיר ריידען ביידע פון אַלצדינג —
נאָר ניט פון דעם — וואָס נאָגט אין האַרץ...

מיר ריידען ביידע פון דער צייט:
ווי ס'האָט דער קריג — אַ וועלט פאַרברענט.
און ס'דוכט — ווי אַלץ אַרום אונז לאַכט:
אויף וואָס מ'האָט די צייט פאַרשווענט!...



# אַליין

גראָם און לופטיג איז מיין צימער,
גרוים געגנוג — פּאַר צוויי.
האָב איך אָבער ניט קיין חבר,
טוהט דאָס הארץ מיר וועה.

געגען איבער פון מיין פענסטער
וואָהנט אַ יונגע פּאָר.
אין אַ צימער — פּונקט ווי מיינער,
גרעסער ניט אַ האָר.

אין די לאַנגע נעכט פון ווינטער :
אַך ווי שטיעפען זיי !
און איך שפּאַן אַליין אין צימער —
גרוים געגנוג פּאַר צוויי...



## פסיכאָלאָגיש

ווען כ׳וואָלט צו זיך געהאַט אַ פריינד,
און דאָס וואָלט זיין — אַ „זי“.
וואָלט אַנדערש אויסגעזעהן מיר היינט
דער גרויער אין דער פריה.

אַנשטאָט צו לויפען אין פאַבריק
אָהן ווילען, אָהן אַ זין...
וואָלט איך געשפּאַנט זיך גדלות׳דיג,
זיך טראַכטענד, איך בין —

אַ מענש אַ חשוב׳ער, באַליבט,
ניט עלענד אויף דער וועלט...
אַ מענש, וואָס האָפט צו בויען באַלד
אַן אייגענעם געצעלט.



איז עפּעס גלאַט ניט אַבי ווער,
אַ הפקר יונג צום שפּאַס...
אַ מענש, וואָס ס'האַרץ זיינס קלאַפּט פאַר צוויי —
האָט אין זיין האַרץ — אַ גאָט...

אַזוי וואָלט איך געטראַכט ביי זיך
אַ יעדען אין דער פריה,
ווען כ'וואָלט צו זיך געהאַט אַ פריינד,
און דאָס וואָלט זיין — אַ „זי"...



# אַ פּרייז

איך האָב איינמאָל איהר אַ קוש געטהאָן
אַזוי זיך — אין גאַלאָפּ!
איך האָב גאָרנישט ניט געמיינט דאַביי,
איצט צאָל איך טייער אָפּ.

איך האָב בלויז געוואָלט באַפרידיגען
דעם קליינינקען מאָמענט...
און ס'איז פון דעם געוואָרען גאָר
אַ גרויסער אינצידענט.

זי מאָהנט ביי מיר פאַרגיטיגונג:
אַ הימעל הויכען פּרייז.
אויף לעבען לאַנג פאַרבינדען זיך —
ווען ס'האַרץ איז קאַלט ווי אייז...



# „אַ סוד“

„אַ סוד“ האָט זי מיר היינט פאַרטרויט
און איז פאַרשעמט געבליבען.
און קוקענדיג אַזוי אויף איהר
כ'האָב נחת אָנגעקליבען.

כ'האָב זיך חשוב'ער דערפיהלט !
מיין האַרץ האָט זיך צעזונגען.
און אין מיין אויער האָט עס אַלץ
איהר הייליגער „סוד“ געקלונגען.

און שטראַלענדיג פאַר פרייד האָב איך
מיט קושען זי באַשאָטען,
און שמייכלענדיג איהר איינגערוימט :
ס'זאָל זיין אין איהר געראָטען...



# איך ליעב...

איך ליעב צו קוקען אויף די ברעמען
פון אַ שעמעוודיגע מיידעל.
ווי זיי הייבען זיך און פאַלען
אַזוי תמימות'דיג און איידעל.

ווי זיי ציהען זיך צוזאַמען,
ווי צו גאָט אַ תפילה שיקען.
און זיי לאָזען זיך אַרונטער: —
פאַר אַ בחור'ס שאַרפע בליקען...



# יונג בין איך!

יונג בין איך — יונג!
רעגען זיך די יונגע גלידער מיינע,
און מיין בלוט —
שפּיזעלט, שפּיזעלט.
לייכטען מיט אַ העלען גלאַנץ
מיינע גרויע אויגען
און מיין האַרץ —
האַמערט, האַמערט.



יונג בין איך — יונג!
וועב איך ליכטיגע חלומות
פאר'ן צווייפעלהאפטען מארגען,
און מיין פרייד —
ציטערט, ציטערט.
פאלען צייטיג מיינע בליקען
אויף דעם שעמעוודיגען מין...
און צום טאקט פון מיינע טריט —
זינגען מיינע חושים אוים
א לויב:
צום לעבען,
צום לעבען.



# אַ מעשה׳לע

געליעבט האָט אַ מיידעל אַן איינזאַמען בחור,
אַ בלאַסען — ווי ס׳שטעהט אין ראָמאַן...
געוואָהנט האָט דער בחור אַליין אין אַ צימער —
אַ צימערל, גרויס ווי אַ שפּאַן.

פלעגט קומען אין אָוועגט, די הייס בלוטיג מיידעל
אין צימערל גרויס ווי אַ שפּאַן.
און צערטלען דעם בלאַסען פאַר׳חלום׳טען בחור —
אַזוי ווי זי לעזט אין ראָמאַן!...

נאָר צופיעל פאַר׳חלום׳ט געווען איז דער בחור
פון צימערל גרויס ווי אַ שפּאַן...
האָט צערטלען צוריק, ניט געקענט ווי די מיידעל —
וואָס ליעבט ווי ס׳שטעהט אין ראָמאַן...

איז נמאס געוואָרען דער מיידעל צו קומען
אין צימערל גרויס ווי אַ שפּאַן...
איצט ליעבט זי אַ צווייטען: אַ פּראַקטישען בחור!
שוין ניט ווי זי לעזט אין ראָמאַן...

# אין דער פרעמד

איך וואָהן אויפ'ן ערשטען — זי וואָהנט אויפ'ן ערשטען,
מיר וואָהנען — אַ טיהר ביי אַ טיהר...
און איך וואָהן ביי פרעמדע — און זי וואָהנט ביי פרעמדע,
נו, פיהל איך אַ נאָהנטקייט צו איהר...

איך קום פון דער אַרבעט — זי קומט פון דער אַרבעט,
מיר טרעפען זיך אָן אויף די טרעפּ...
איך זאָג איהר גוט נ'אָוועגד—זי זאָגט מיר גוט נ'אָוועגד,
און לאָזען אַרונטער די קעפּ...

איך שלים אויף מיין צימער—זי שליסט אויף איהר צימער,
מיר קוקען זיך אום אויף געשווינד...
איך שפּאַן אין מיין צימער — זי שפּאַנט אין איהר צימער,
און טרוימען וואָס ביידע אַצינד...

איך וואָהן אויפ'ן ערשטען — זי וואָהנט אויפ'ן ערשטען,
מיר וואָהנען — אַ טיהר ביי אַ טיהר...
איך טראַכט מיר אין האַרצען—זי טראַכט זיך אין האַרצען
אָ גאָט, ביז ווי לאַנג איז דער שיעור !...

## צו...

קום אַ מאָל אַריין צו מיר
אין אַ פרייע צייט.
וואָהנסט דאָך אַזוי נאָהנט פון מיר —
וואָס־זשע האַלסטו זיך ווייט?...

ס'איז אַזוי דאָס לעבען מיר,
לאַנגוויילינג און גראָה,
קום אַ מאָהל אַריין צו מיר —
אין אַ שטילע שעה...

ביידע עלענדע אין לאַנד,
זיינען מיר דאָך דאָ...
קום אַ מאָהל אַריין צו מיר :
אין אַ שטילער שעה...



# אליין

גוט צו וויגען זיך אין וויג שטיל
מיט א מיידעל זאלבענאנד,
בין השמשות, ווען די שאטענס,
שפּילען, שטיפען אויפ׳ן וואנד.

און א שטילקייט אזא ווייכע,
הילט אין כשוף — דעם פארנאכט,
און די מיידעל — אויך א שטילע,
וויגט זיך תמימות׳דיג פארטראכט...

און מ׳וויגט זיך אזוי זארגלאז
קאפּ צום אקסעל אנגעשפּארט.
און אין הארצען פליסט א זיסקייט,
וואס פאר׳שכור׳ט און פארנארט...

גוט צו וויגען זיך אין וויג שטיל
מיט א מיידעל זאלבענאנד,
האב איך אבער בלויז דעם וויג-שטול —
אהן א מיידעל ביי דער האנד.

## שטימונג

מיט בלויע רינגען רויך
איז אָנגעפילט מיין צימער.
און אין יעדען בלויען רינגעלע
ציטערט אום אַ חלום.
אויסגעהויכט אין ביינקעניש,
אין איינזאמיגען שוויגען
רינגען רויך — רינגען רויך —
בלוט טראָפּענס פון האַרצען...
קרייזלען זיך די רינגען רויך,
ווי ציטעריגע קינדער...
קרייזלען — און פאַרגעהען זיך:
צוגלייך מיט מיינע טרוימען...



# באַשיידען

איך זוך ניט קיין גליקען אין לעבען,
איך ווייס: ס'איז שווער צו געפינען.
איך זוך בלויז אין לעבען — מיין לעבען
אויף אַן ערליכען וועג צו פאַרדינען.

איך זוך ניט קיין כבוד אין לעבען,
(וואָס קען עס אַן ערליכען נוצען?...)
איך זוך בלויז אין לעבען — מיין נאָמען
זאָל קיינער ניט קענען באַשמוצען...

איך זוך ניט קיין ליעבע אין לעבען,
ס'איז פאַלשע און נאַרישע שפּאַסען.
איך זוך בלויז אין לעבען — זאָל קיינמאָהל -
זאָל קיינמאָהל מיך קיינער ניט האַסען...



## מיין מזל

מיין מזל האָט בלויז זיך פאַרשפּעטיגט,
געוויס וועט ער קומען נאָך ווען!
איך האָב דאָך שוין פיעל מאָהל אין חלום
נאָהנט פון מיין הויז איהם געזעהן...

איך דאַרף בלויז די טיהר האַלטען אָפען,
אַנטקעגען איהם קומען — פאַראויס!
עס זאָל ניט אַ צווייטער דערזעהן אים:—
ווייל ס'קוקען פיעל אויגען איהם אויס...



## שטיל זיי.

שטיל זיי הארץ מיינס ! הער אויף קלאַגען !
מאַך ניט טריב אַזוי מיין בליק.
כ'האָב אַ וועלט שוין אויסגעוואַנדערט,
זוכענדיג מיין לעבענס גליק...

און ביז איצט — נאָך ניט געפונען :
וואָס-זשע העלפט דיר דיין געוויין ?
שטיל זיי הארץ מיינס ! הער אויף קלאַגען !
ס'וועט דיר קיינער ניט פאַרשטעהן...



* * *

אויסגעהן וועט מיין הארץ
פון ציטעריגער פרייד,
פון פרייד —
וואָס ציטערט בלויז אין מיר נאָר אויף
און קען זיך ניט צעשמעלצען...
און אויסגעהן וועט מיין הארץ —
אין רויטליכען פארנאכט,
פארנאכט —
ווען ס'צינד דער הימעל זיך אין פלאמען,
און מיינע טרוימען קומען זיך צוזאמען,
דאן : —
אויסגעהן וועט מיין הארץ.



## מיינע פאַרלאַנגען

מיינע טויטע פאַרלאַנגען
שרייען אַרוים פון מיין האַרץ
און מאָהנען פון מיר זייער לעבען...
זיי שרייען : דו האָסט אונז גענאַרט !
האָסט בלויז אונז חלומות געגעבען...

זיי קלאָגען ביינאַכט פאַר מיין בעט,
מיט דומפיגע שטימען,
און מאָהנען פון מיר זייער תיקון...
זיי שרייען : דו האָסט אונז דערשטיקט !...
איצט קומען מיר דיר צו דערשטיקען !



# איך און דאָס לעבען

מיט אַ פרייד אין האַרצען
לעבט זיך גאָר פיעל גרינגער.
מיט אַ העלען שמייכעל,
זעה איך אוים פיעל אינגער.

איך האָב מיין מרה שחורה
אויף העלער פרייד פאַרביטען,
זעה איך — אַז אומזיסט גאָר
האָב איך ביז איצט געליטען.

אומזיסט האָב איך געהאַלטען
אַראָפּגעלאָזט די ברעמען...
דאָס לעבען איז אַ גבירתה:
מ׳דאַרף בלויז קענען נעמען...



# צו קען מען פאַרגעסען?

צו קען מען פאַרגעסען, די קינדערשע יאָהרען
פון לעבען — די פרייסטע מאָמענטען!
די האַרציגע, שטענדיגע, זאָרגענדע מוטער,
איהר ליעבליכען רוף דעם באַקענטען?...

צו קען מען פאַרגעסען, די חדר חברים?
ווי איצט פאַר די אויגען זיי שוועבען!)
די פריינד, וועלכע פלעגען — צוליב נאָך א קנעפעל
דעם נאָכמיטאָג גראָשען אָפגעבען?...

צו קען מען פאַרגעסען, די ערשטע געליבטע?
(די מיידעל — אָהן חופה וקדושין!...
די ערשטע געגעבענע הייליגע שבועה,
די ערשטע גענומענע קושן?...

צו קען מען פאַרגעסען; צו וואָלט ניט יעטווידער
דאָס רעשט פון זיין לעבען אָפגעבען —
צו קענען איצט שפילען נאָך איינמאָל די ראָלען
וואָס ער שוין געשפילט האָט אין לעבען!?...

# נאַהענט און ווייט . . .

איך האָב איצט באַגעגענט מיין ערשטע געליבטע
מיט קינדערלאַך צוויי, ביי די הענט,
איך גרים איהר צעטומעלט, זי גריסט מיר שטילשווייגענד
מיר פיהלען זיךביידע פאַרשעמט...

דאַן פרעג איך: ווי לעבט זיך? זי פרעגט מיר דאָס זעלבע,
און ס׳קלאַפּען די הערצער אונז, שנעל...
איך פרעג איהר: צופרידען? זי טוליעט די קינדער,
און ענטפערט אין ענגליש מיר — וועל...

איך גלעט איהרע קינדער איך גיב זיי צו פעני;
און פיהל — ווי ס׳וויינט מיר מיין הארץ,
מיין ערשטע געליבטע: זי איז שוין אַ מאַמע!
און מיר איז מיין צוקונפט נאָך שווארץ...



# אין אַ רעגענדיגען טאָג.

אין אַ רעגענדיגען טאָג
טראַכסטו זיך און טוסט אַ זאָג,
פוי ! ווי אומעטיג און נאַס,
ניט אַרויסצוגעהן אין גאַס.

און דערצו — אַליין, אַליין,
האָסט ניט ווער זאָל דיר פאַרשטעהן,
אין אַ פרעמדער גרויסע שטאָט,
מענשען פרעמדע — אָהן אַ גאָט...

אין אַ טאָג פון זונען שיין,
פיהלסט נאָך ניט אַזוי דעם פיין,
קענסטו כאָטש אין גאַס אומגעהן,
איבערצעהלען יעדען שטיין.

כאַפען פון אַ פרוי אַ בליק —
(האַלטענדיג דאָס פאַר אַ גליק...)
אָדער קוקען אינ׳ם רוים —
זוכענדיג דיין יוגענד טרוים...

נאָר אין אַ טאָג פון רעגען —
שטעהט דער אומעט דיר אַנטקעגען,
וויינט דאָס הארץ דיר שטילערהייד,
מאָהנט דאָס הארץ אַ ביסעל פרייד;

שפּאַנסט אין צימער, הין און הער,
פוי ! ווי לאַנגווייליג און שווער :
טראַכסטו זיך און טוהסט אַ זאָג
אין אַ רעגענדיגען טאָג ...



# איבער מיינע וועגן

איבער מיינע וועגן —
הייננט אַ גרויער אומעטיגער הימעל,
אַזאַ קרייענקליכער — קראַנק ווי מיין געמיט.
אויף מיינע וועגן —
טרעף איך בלויז פאַרכמורעטע געזיכטער,
ניט דערשלאָפענע — מיט וואַקלענדיגע טריט...
איבער מיינע וועגן —
קלאַפט און גרילצט ביז טויב צו ווערן,
אַ טעגליך אָנגעפּראָפּטע באַהן,
טראָגט זיך אין דער הויך
צו דעם זעלבען רויך —
פון דעם נעכטען...
אויף מיינע וועגן —
איז קיין שעהנקייט ניט פאַראַן :
בלויז אַ גרויער —
שוין דערעסענער פריהמאָרגען...



# אַ שליסעלע

כ׳האָב אַ שליסעלע געפונען,
אַ טיהר שליסעל אַ קליינס,
אַ שליסעלע, דו קליינינקער,
אַ שליסעלע, דו שיינס.

זאָג, ווער האָט דיר פאַרלאָרען, ווער ?
וואו וואָהנט דיין בעל הבית ?
איך וועל לויפען דיר אָוועקגעבען
און שטילען דעם פאַרדראָס...

עס וואַרט מסתמא אימעצער,
פאַרשלאָסען איז די טיהר...
און זוכט דיר אום אין קעשענעס —
ווען דו ביזט גאָר ביי מיר...

אַזוי רייד איך צום שליסעלע
רחמנות׳דיג און פיין,
ער ענטפערט ניט — ווייל ס׳האַרט איהם ניט :
ביי וועמען ער וועט זיין...

## נאַכט און נאַכט

נאַכט און נאַכט אונטער מיין פענסטער
ביז אין פריהמאָרגען דעם גראָהען —
וויינען מיינע טעג און שעה'ען
מיינע שעה'ען — די פאַרמאַטערטע...
פאַר אַ טאָג לוין — בלויז גע'פטר'טע...
אויסגעבלייכטע, אויסגעלאָשענע,
קלאָגען זיי אויף זייער מזל —
נאַכט און נאַכט אונטער מיין פענסטער...



# אין צער . . .

וואקסט זיך א בוימעלע נאהנט ביי מיין פענסטער,
וואקסט זיך — אין זוניגען שיין.
גאט זאל איהם שטארקען דיווארצלען די יונגע
גרעסער און שענער צו זיין.

און זאל ער זיך וואקסען, ווי עס געפעלט איהם :
באשיידען — אדער פארשייט.
ביימעלאך יונגינקע, זיינען ווי קינדער,
שטיפען זיך אוים זייער צייט...

איז הארט מיך ניט, ווי נאך ער וועט זיך וואקסען :
ס'הארץ פיהלט א טיפערן פיין,
ווען ס'וועט שוין דער בוימעלע גרויכען ס'פענסטער -
ווער ווייסט וואו איך וועל דאן זיין ?...



# א חלום

חלום איך:
איך בוי פאַר זיך אַ קליינע הייזעל,
איך אַליין מיט מיינע הענט —
האָב אָוועקגעלייגט דעם גרונדשטיין,
און איך האַלט שוין ביי די ווענט.

און איך אַרבעט טעגליך פלייסיג,
פון באַגינען — ביז ביינאַכט,
און אַ וואונדער — ווי גרויסהאַרטיג!
כ'האָב מיין הייזעל שוין געמאַכט.

זעקס חדרים האָט מיין הייזעל:
יעדער חדר — אַן אַנטיק!
אין זי וואָהנען — איז אַ חיות,
ס'איז דאָך פּשוט גאָר אַ גליק —

דאַרף קיין דירה-געלט ניט צאָהלען,
בין אַליין דער בעל-הבית!
גרינע לאָנקעס פאַר די אויגען,
לעב זיך רוהיג, אָהן פאַרדראָס.

וועט אַ קינד געבאָרען ווערן —
וועט מיין גליק זיין דאָפּעלט גרויס:
עס וועט האָבען אַ ירושה
אָט דאָס קליינע שעהנע הויז.

כ׳וועל דערמאָנט ווערן צו גוטען
אין דעם הייזעל יאָהרען לאַנג...
דורות נייע וועלען קומען —
יעדער דור — אַ לויב געזאַנג...

און איך פרעה זיך מיט מיין הייזעל
רייב פאַר שמחה זיך די הענט
פּלוצים פיהל איך: ס׳איז אַ חלום!
איך דאַרף דערוווייל נאָך צאָהלען רענט...



* * *

פרייד —
דו האַרציג ליכטיגע
העלפט פון לעבען מיינס איז באַלד פאַרשוואומטי.
די בליהונג העלפט —
די וויכטיגע...
ווען וועסטו, פרייד צו מיר שוין קומען !...
פרייד —
דו שטיל פאַרבאָרגענע...
ס'מאָהנען — קלאַפּענדיג ביינאַכט אין טיהר
מיינע טעג —
די פאַרשטארבענע....
ווען וועסטו, פרייד צעשמעלצען זיך אין מיר ! ...



# איך ווייס ניט

איך ווייס ניט וויפיעל איך האָב צו לעבען;
ס'ווייס ניט קיינער אַזאַ זאַך!
לויט'ן גאַנג און צאָהל פון יאָהרען —
דאַרף איך לעבען נאָך אַ סאַך...

איך ווייס ניט, ווען די שעה וועט שלאָגען:
ס'איז אַ פלוצים שטילער קלונג...
לויט'ן טיק-טאַק פון מיין האַרצען —
איז זי שטיפערש נאָך יונג...

איך ווייס ניט, וואו איך וועל מיך שיידען:
ס'וואַרט דער טויט אויף יעדען שריט.
לויט'ן שכל — איז קיין חילוק
וואו דער טויט דערלאַנגט דעם שניט...



## וואו זייט איהר ?

ליכטיגע, זוניגע, יוגענד-חלומות,
זיידענע טרוימען — פון די בליהענדע צייט,
וויים איהר, אז אייער אמאליגער טרוימער
איז איצטער אין לעבען פארגאנגען שוין ווייט ?...

ווייסט : אז זוכען אייך איז ער געגאנגען ?
מיט זיכערע טריט — אייער ארט צו דערגעהן...
זיין הארץ האט נאך דאמאלסט פון פרייד בלויז געזונגען,
זיין פנים געהאט האט פון לעבען דעם חן.

נאר זוכענדיג אייך, איז ער יונג אלט געווארען,
זיין וועג איז געוועזען — באבארגט און באטאלט,
האט יעטווידער טאג איהם נור סיבות געטראפען,
פאר זוכען חלומות — מיט לעבען באצאלט...

איצט איז ער שוין מיד: דאך טיעף אין זיין הארצען
נאך טליהען פארלאנגען — צום לעבען לרוב.
וואו זייט איהר זשע איצטער, איהר יוגענד חלומות ?
צו קענט איהר, און וועט נאך — באצאלען דעם חוב ?...

* * *

אליין וועט מיין גליק שוין ניט קומען,
איך בין שוין אריבער די דרייסיג !
און מיהען זיך, זוכען איהם ערגעץ —
דערצו בין איך זיכער ניט פלייסיג.

ווייל איך בין ווי צוויי טראפּענס דער טאטע,
אַ שטילער, אַ שטענדיג פארקלערטער,
איך האָב שטיל זיך פארלעבט די דריי־צעהנדליג : —
וואָס קען מיר שוין ברייגנען דער פערטער !...



## פייגלינג

א גאַנצע נאַכט האָב איך צו גאָט געדופען,
מיט אַנגסטען איז מיין האַרץ געוועזן פול,
די קלענסטע נישטיקייט, האָט מיך געשראָקען
כ׳האָב טיעף אין זיך דערפיהלט: איך בין אַ נול...

אַ מייזעל: וואָס בייטאָג וואָלט איך פאַרשפּיגען.
האָט אומגעטאַנצט מיט חוצפה פאַר מיין בעט...
אַ האַנד-טוך — וואָס איך אַליין האָב אויפגעהאַנגען,
האָט פונ׳ם וואַנד מיר אויסגעדוכט: — אַ שד...

און ס׳האָבען מיינע ליפּען גאָט גערופען :
מיינע ליפּען — וואָס האָבען איהם פאַרלאַכט...
און ס׳דוכט, ס׳האָט עמיץ מיר געענטפערט — טרוס !
ווילסט בלויז עס זאָל אַריבערגעהן די נאַכט...



# אין צער

דער טאָג איז צו רעש'איג. פאַרטעמפּט. אָהן געפּיהלען.
איהם וועל איך מיין צער ניט פאַרטרויען,
ער קען נאָך צעקלינגען אין גאַס פאַר די מענשען,
און וואָס קענען גאַס-מענשען פיהלען ?...

אַז יונג ווי איך בין — איז מיין האַרץ שוין צעשפּיזעלט
פון לעבען — מיין לעבען דעם גרויען.
דער טאָג צו הפקר. ער וועט ניט פאַרשטעהן מיך —
איהם וועל איך מיין צער ניט פאַרטרויען...

נאָר שפּעט אין דער נאַכט, אין די רוהיגע שעה'ען,
ווען ס'ציטערט אין האַרצען דאָס שווייגען,
און סודות באַזעלט פאַרטרעט מיט אַ תפילה
אַרויף צו דעם הימעל זיי שטייגען —

דאַן וועל איך זיך שטיל אויפ'ן גאַס אַרויסשלייכען
דעם צער פון מיין הויז אַרויסטראָגען...
וועל גאַרנישט ניט מורמלען... ניט פרעגען, פאַר וואָס ?...
נאָר טיעף זיך צעוויינען, צעקלאָגען.

# אַ געפיהל

ווי גוט ס'איז היינט צו מיר
די ליי‏ַבע זון ! —
איז פון באַגינען אין מיין צימער דאָ,
באַצירט די ווענט — מיט פּאַסען גאָלדענע,
און וועבט מיר אוים — אַ טרוים אַ ליכטיגען
און לאַשצעט מיין געמיט,
איך טראַכט :
איז מיין לעבענס זון היינט אויפגעגאַנגען ? —
איך וויים ניט !
איך פיהל בלויז —
עפּעס וועט זיך ענדערען פון היינט...



# איך וועל ניט פאַרבייטען

איך וועל ניט פאַרבייטען זייד פון האַרצען
אויף אַן אויסגעבלומטע קליידעל,
זייד פון האַרצען — איז מיין חלום,
איז מיין אויסגעטראַכטע מיידעל...

איך וועל די שטילקייט פון מיין צימער
בעת איך וועב מיין זיידען חלום —
ניט פאַרבייטען אויף געמאַכטען
טאַצען קלאַנג — און פרויען שימער...

איך וועל די זייד מיט בלייכע פינגער
שטומערהייד אין האַרצען וועבען,
און וועל ליבערשט מיט מיין חלום —
אויסגעהן ביים געוועב...



# אַפּשיעד

עס קען זיין מיר וועלען זיך מעהר ניט באַגעגענען,
אַ ניט-זעהענדע קראַפט —
וועט דעם וואונש פּאַדים איבערייסען,
וועט דעם פיין נאָך פאַרטיפערן...
און דער שטח שוואַרצע ערד —
וואָס וועט אונז איצט דערווייטערן.
קען אפשר אַן אייביגער גרענעץ זיין!
ווער ווייסט?
גיב מיר דיין האַנד:
איך וויל מיט איטליכען פינגער באַזונדער
זיך געזעגענען...
און פון איין פינגער דרוק ביז צום צווייטען.
זאָל דיין בליק מיך באַגלייטען —
אין וועג אריין
אין וועג אריין...



* * *

לעבען —
בלענד מיר די אויגען
מיט דיינע שניידענדע קאָלירען.
עגבער דורך מיין הארץ
מיט דיינע שאַרף־פאַרשפּיצטע בליקען...
נאָר מיין נשמה — ריהר ניט אָן !...
דען וואָס פאַרמאָג איך דען מעהר —
אויף דיינע ערדישע אַלטאַרען
אין דיין ווילדען וואַנזין טאַנץ,
אַ חוץ — דעם לייכטען ציטער
פון מיין באַפליגעלטע נשמה ?



## ווינקט צו מיר די נאַכט

ווינקט צו מיר די נאַכט :
טרוימער, קום אַרוים
פון דיין איינגער הויז,
צווישען גרויע ווענט —
אויף דעם „וויפיעלטען שטאָק” !...

ס'איז פאַרהאַן אַ גאַס:—
לאַנג איז זי און ברייט...
קלאַפּט דאָרטען די האַרץ
פון דער גרויסער שטאָט —
רעש'איג, ווילד פון פרייד....

לייכטען ביי יעדען ראָג.
פייערלאַך אַ סאַך,
פינקלען אַזוי שעהן,
פרויען אויגען פיעל —
ווערט דאָרט ערשט איצט טאָג !...

זינגען דאָרט די טריט,
לייכט אַזוי דער טראָט.
גאָר אַ נייע וועלט !
גאָר אַן אַנדער שטאָט !
קוקסט, און גלויבסט זיך ניט...

האָסט אַ ווייב און קינד ?
פליכטען פון אַ מאַן ?
נו, טאָ וואָס-זשע איז ?
נאַר זיי איין מאָל אָפּ :
ס'איז אַ גאַס פּאַראַן !...

קוש די פרוי אין ליפּ,
און דעם קינד אין קאָפּ.
שלייך זיך שטיל אַרויס
פון דיין איינגער הויז,
צווישען גרויע ווענט —
אויף דעם ווילדיגען שטאָק ! . . .



# איך בין אין דער מיט

פערד, טראַמוויען, באַהנען, מענשען —
אײלענדיגע טריט . . .
רעש, געפּילדער, אײזען קלאַנגען,
איך בין אין דער מיט . . .

רויך פאַבריקען, פייער צונגען —
בלײאיגער געמיט . . .
שטויב פאַרלאַנגען, קנוילען אונזין,
איך בין אין דער מיט . . .

פריה, באַגינען, מיטאַג שעה'ן —
ברומענדיגעם ליעד . . .
קאַמף, פאַרצווייפלונג, אויגען ווילדע . . .
איך בין אין דער מיט . . .

נאַכט ! בולוואַרען, פרויען שימער —
זינגענדיגע טריט . . .
ווייך, בריליאַנטען, אויגען-פינקלען . . .
איך בין אין דער מיט . . .

# אונזער לעבען

בלאָנדזענדיג געהען מיר אום אויף דער ערד
זוכענדיג זאַכען — וואָס האָבען אַ ווערטה,
טרעפען מיר עפּעס אין חושך אַ זאַך —
שאַצען מיר אָפּ באַלד : ס'איז ווערט גאָר אַ סאַך ! . . .

זוכענדיג, לאָזען מיר דורך אונזער טאָג
וועגענדיג יעטווידען שטויב אויף דער וואָג,
האָבען מיר ענדליך געפונען דעם זין : —
טראַכט זיך אַ יעדער : ווי נאַריש איך בין ! . . .



# אין שרעק

ערגעץ ווארט אויף אונז די שעה די אייביגע,
ערגעץ —
קוקט ארויס אויף אונז דער טויט,
מיט זיינע טויזענד שפּיזענע אויגען
לויערט ער אויף אונז —
אין פריידיגסטען מאָמענט.
ווייסען מיר :
נאַריש איז דאָס שרעקען זיך פון שוואכען,
ווי נאַריש ס'איז דאָס גרויסען זיך פון שטאַרקען,
ווייסען מיר :
ס'איז אומזיסט דאָס אויסבאהאלטען זיך —
(זיינס אָן אויג קען זעהן פון מיילען ווייט...)
דאָס האַרץ זיך קאָרצעט בלויז פאַר מורא —
ער זאָל כאָטש ניט דערזעהן אונז :
נאָך איידער ס'איז די צייט . . .



## אין די גאַסען

איך שעפּ מיין פרייד פון אומגעהן אין די גאַסען,
בילדער צאַפּלענדע פאַראַן איז אין דער גאַס.
מיד בין איך פון מיינע דריי פיער צימערן
וואו דאָס לעבען ציהט זיך איינטאָניג און בלאַס.

מיד בין איך! פונ'ם קלעטערען די שטיגען
ערגעץ דאָרטען — אויף דעם וויפיעלדיגען שטאָק !...
וואו ס'קלינגען טרויעריג די שעה'ן מיינע —
ווי דער טרויעריגער קלאַנג, פון קלויסטער גלאָק.

אין די גאַסען — קלינגען העלער אוים די שעה'ען,
שפּאַנט דאָס לעבען אום מיט זינגענדיגע טריט...
אין די גאַסען — אינגער איך זיך אויף אַ צענדליג,
העלער, שענער, זינגט פון האַרץ אַרוים מיין ליעד...



# איך ליעב די נאַכט

איך ליעב די שטילע סודות׳פולע נאַכט
מיט איהר מורא׳דיגען שוויינען.
דעם אָפּשיין פון לאַמטערן אויף דער גאַס,
וואָס פאַלט אַזוי ציטעריג און בלאַס
אויף מיר —
דעם שפּעטען דורכגעהער דעם בלייכען,
איך ליעב צו זעהן:
דעם נאַכט-וואַכמאַן, דעם הויכען,
וו ער געהט זיך מיט געצעהלטע טריט
וואַרפענדיג זיין שטרייננגען בליק —
דאָ אַ הער — און דאָ אַ הין,
מיט זיין נאַכט שטעקען אין האַנד,
מיט דעם בונט שליסלען אויף זיך,
טאַפּענדיג רק נאָכאַנאַנד
די טיהר פון יעדען מאַגאַזין...
איך ליעב צו זעהן:

מיין גרויסען הויקערדיגען שאַטען...
ווי ער שאַרט זיך ווי אַ מויז,
דאַ צוריק — און דאַ פאַראוים...
מיט זיינע לאַנגע פים און הענד
מאַכט ער קונצען אַלערליי.
פלוצים טוט ער ווילד אַ שפרונג —
און ציהט זיך אוים אין פולער לייננ,
וויל פאַרלויפען מיר דעם וועג
שפרינגענדיג אויף גלייכע וועגד...

איך ליעב די שטילע סודות׳פולע נאַכט,
מיט איהר מורא׳דיגען שווייגען.



# נאַכט

נאַכט איז איצט
עס רוהט די וועלט.
די קלוגע, ווילדע, שטאָלצע וועלט,
די אויסגעלייטערטע —
די קריסטליך־גלויביגע...
וואָס האָט ביי טאָג —
מיט שווערע קלויסטער גלאָקען
איהר קלוגע נאַרישקייט צעקלונגען —
די זון געהט אויף !
די זון געהט אויף !...

נאַכט איז איצט
עס רוהט די שטאָט.
די גרויסע האַמערענדע שטאָט,
די הויך געוויקסיגע —
די אויפגעטורעמטע . . .
וואָס האָט ביי טאָג —
ווי אַ ווילדער רויב־פויגעל זיך אומגעטראָגען
און שפּאָטיש פון דער הויך אַראָפּגעברילט :
איך בין דיין גאָט !
איך בין דיין גאָט ! . . .

# ווינטער אין וועג

א.

ביים פענסטעריל פון באַן
ווי פיעל שעהנקייט ס׳איז פאַרהאַן !
קוקסט אַרוים פון באַן געצעלט,
און דערזעהסט — אַ ווייסע וועלט.
בערג און טאָלען, רונד אַרום,
בלישצען ווינקענדיג און שטום,
זונען ליכט און ווייטער רוים
און אַ ווייכער ווייסער טרוים
שוועבט אין לופטען, און ער ציהט
פון דיין האַרץ אַרוים דעם פיין,
העלט די אויגען אָן מיט שיין,
מיט אַ ציטעריגער פרייד,
און דו מורמעלסט שטילערהייד :
ס׳איז אַ וועלט נאָך וואו פאַרהאַן
ביים פענסטעריל פון באַן.

.2

אומרוהיג שנעל לויפט מיין בליק,
אומרוהיג ווילד קלאַפּט דאָס האַרץ.
סאַפּענדיג שווער לויפט די באַן
גלייך צו די ברעגען פון גליק —
ווייט איז די שטאָט הינטער מיר ! . . .

טראָגען זיך פעלדער פאַרביי,
ווייסינקער פון איבער זיי.
ערטערווייז, בייכיג פון שנעע.
טראָגען זיך דורך פאַר מיין בליק —
ווייט איז די שטאָט הינטער מיר ! . . .

שטעהט וואו אַ הייזעל אַ קליינס,
ווארפט זיך מיין בליק גלייך אויף איהר !
שנעלער פון בליק איז די באַן —
כאַפּט איהר די באַן פון מיר צו —
ווייט איז די שטאָט הינטער מיר ! . . .

# איך האָב געטראַכט

איך האָב געטראַכט
אין די לעצטע שעה פון טאָג.
אַ קערענדעל גליק —
האָט דער היינט מיר געבראַכט,
אַ טראָפּענדעל פרייד —
בלויז פאַר איין שעה . . .
צו זאָל איך די שעה
אויף צווייען צעשפּאַלטען ? —
איין העלפט פאַר׳ן היינט —
איין העלפט פאַר׳ן מאָרגען באַהאַלטען ?
אַ קערענדיל גליק —
האָט דער היינט מיר געבראַכט :
פאַרנאַשען איהם היינט ?
אינאיינעם פאַרגעהן מיט׳ן טאָג ? ! . . .



## אין פיין

מיין נעכטיגער טרוים, און מיין נעכטיגע פרייד
וואו זיינען זיי היינט אין מיין קלאַגענדען פיין ?
ס'האָט נעכטען געשטראָמט אין מיין האַרצען אַ פרייד,
געבליצט פון מיין אויג — אַזאַ לויטערע שיין.

אַ ליכטיגער טרוים האָב איך נעכטען געוועבט,
פון זוניגע שעה'ען — און קליגערע טעג . . .
פון איינער — וואָס לאָזט זיך צו מיר פון דער ווייט
איך דאַרף בלויז אַנטקעגען איהר קומען אין וועג . . .

מיין נעכטיגער טרוים און מיין נעכטיגע פרייד,
צו האָט זיי די נאַכט און איהר חושך פאַרנאַרט ?
און קיינמאָל שוין מעהר וועט ניט קומען צו מיר
די לויטערע שעה וואָס איך האָב גלויביג ערוואַרט ?...

